ד. גאָלד

# אַמאָל מיט אַ צעפּל פֿאַרזוכט אַן עפּל



צייכענונגען פֿון

יצחק ליכטענשטיין

חדים

יאָרק, 1941

לוקס=אויפֿלאַגע, געדרוקט
אין 200 עקזעמפּלאַרן

נומער

פֿאַר

פֿון

A moid mit a Tzepl
Farzucht an epl.
by H. Gold



MACHMADIM
151 W. 40 St.
New York City



אַ מעשה פֿאַר קינדער.
פֿון אַ פּאַסטוך און רינדער.
פֿון אַ מויד די גרעסטע פֿון אַלע.
זי קומט צום פּאַסטוך ווערן זיין כלה.



די זומער נאַכט קיל
די זומער נאַכט פיין
קינדערלעך שטיל
איצט הערט זיך איין



אַן עפּל אַ נאַכט.
אַ מיידל וואָס לאַכט.

אַ שײנער זומער טאָג אַ הײסער. אַ פּאַסטוך זיצט בײַ דעם טײַך, װי אַ קײסער, מיט זײַנע שאָף: קי, קעלבער, ציגן. קאַטעװעט ער די זומער פֿליגן, און טשאַטעװעט, זײ זאָלן ניט בײסן.

פֿון יענער זײַט טײַכל קומט צו אַ מײדל, װאָס לאַכט. דאָס לאַכט זי צום פּאַסטוך. און דער פּאַס־טוך לאַכט צוריק, װײַל ער האָט ליב דאָס מײדל װאָס לאַכט. אַלע האָבן ליב דאָס מײדל װאָס לאַכט. װען עס װערט פֿאַרנאַכט, קומט זי פֿון טײַכל אַרױס, אױסגעװאַשן און רײן, װעלן זײ בײדע צוזאַמען גײן.

ער פֿײַפֿט זײַן ליבשאַפֿט אױס אױף אַ פֿײַפֿל, דער פּאַסטוך. זײַנע שאָף: קי, קעלבער, ציגן, זײ אַלע האָבן גרױס פֿאַרגעניגן פֿון זײַן פֿײַפֿן. אַלע װײסן זײ װאױל צו װעמען ער פֿײַפֿט אַזױ שײן. אַלע צוזאַמען װעלן זײ דאָך גײן! — צי נײן? אַ?

װײַל קײנער װײסט דאָך ניט, װאָס שפּעטער קען נאָך זײַן.

די מײדל לאַכט. אָט, און אָט, װערט שױן באַלד פֿאַרנאַכט. די שאָף: ציגן, קי, קעלבער, אַלע מע־קען: מעק! — מעק! — עפּעס קומט ניט גוטס. — אװעק! אַװעק! װאָס גײט עפּעס דאָ זײַן הײַנט בײַנאַכט?

איז שױן אַביסל צו שפּעט — נאָך אַ פּאַסטוך קומט פֿון ערגעץ צום טײַכל צו, און נאָך שאָף: קי, קעלבער, ציגן.



איז שוין אַ ביסעלע צו פיל.

און דאָס מיידל לאַכט. אָ, ניט פאַר איר איז דאָס צו פיל! האָט זי דאָך אַלעמען ליב, און האָבן דאָך אַלע איר אויך ליב! דער נייער פאַסטוך לאַכט צוריק. דער נייער פאַסטוך האָט אויך ליב דאָס מיידל וואָס לאַכט.

די גאַנצע וועלט האָט דאָך ליב דאָס מיידל וואָס לאַכט. צו דער גאַנצער וועלט לאַכט זי איר גע־לעכטער.

פייפט ער אויך אויס זיין ליבשאַפט. פייפט נאָך אַ פייפל אויס די ליבשאַפט. צוויי פייפלעך.

איז דאָס אפשר שוין צו פיל אַ ביסעלע, צי ניין? מע ווייסט נאָך ניט. איין פייפל איז גוט. צוויי איז ניט אַזוי.



אַ נאַרישער פֿאַרנאַכט. אָט אַזוי אָ האָט דער פֿאַרנאַכט גענומען און געטראַכט. ניט גוט אַ ביסעלע פֿאַרטראַכט.

און די שאָף: די קי, קעלבער, ציגן, וואָס ווילן זיך שוין וויגן אין וועג אַריין און גיין, איצטער בלייבן זיי שוין שטיין. זיי ווייסן ניט:

גיין, צו נישט? זיי זענען ווי צעמישט! — אַזאַ שיינער פֿאַרנאַכט. פּייפֿל אַהין, און פּייפֿל אַהער. זיי ווייסן דאָך יע, ווער איז ווער!

ווערט רויט פֿאַרנאַכט. זון פלאַקערט איבער טייך איר אונטערגײיִן. זי פלאַקערט איבער בערג. זי פלאַקערט אויס זומערדיקע נעכט.

די מיידל לאַכט, און דער נייער פֿאַסטוך לאַכט צוריק. דאָס איז אַ רויט געלעכטער. דאָס איז אַ שלעכטער. ניט פֿאַר זיי. אַ פֿאַסטוך דאָ, און אַ פֿאַסטוך דאָרט.

ניט פון אָרט! — אַזוי זאָגן זיי צו זיך.

שטייען דאָ ציגן, קעלבער, קי, אין וועג אַריין. שטייען דאָרטן ציגן, קעלבער, קי, אין טייך אַריין. נעמט מען זיך דאָרטן קריגן. וואָס ווייסן קי פון דעם, און קעלבער, און ציגן?



פון אַן עפּל־בוים פאַלט אַן עפּל. אַזאַ גוטער עפּל. דער עפּל פליט שוין אַהין, און דער עפּל פליט שוין צוריק. טרעפט דער עפּל אַ קעפּל. דער עפּל פאַלט. אַ שלעכטער איז ער.

ניט אַזוי פאַלט אַ גוטער עפּל.

מעקען זיי. קעלבער, ציגן, קי. מעק! און מעק!

געווען אַ גוטער פאַסטוך, און איז ער אַוועק. איז ער געפאַלן. אַ שלעכטע נאַכט קומט. אַ שלעכטער עפּל! מעק, און מעק!

דאָרטן, מיטן עפּל, איז ער געפאַלן. איז ער אַוועק. שלעכט אַוועק. שלעכט געפאַלן. ניין. אליין וועלן זיי ניט גיין. אָן אים איז ניין.

איצט איז שוין דאָ די נאַכט. שוין ניטאָ די מיידל וואָס לאַכט. שוין ניטאָ יענער פאַסטוך, ניטאָ יענע שאָף: קי, קעלבער, ציגן. אַלע זיינען זיי שוין ניטאָ.

יענע זיינען דאָרטן ערגעץ, און זיי זיינען דאָ ערגעץ אליין. און איצט איז זיי שלעכט אליין.

שלעכט איז אַן עפּל געפאַלן. —



אָבער זומער נעכט
קענען דאָך ניט זיין אַזוי שלעכט.



זומער זינגען זאַנגען, פעלדער, בוים.
זומער זינגען אַלע פייגל אויך.
זומער נעכט שטילינקע, הערט מען זיי קוים.



אַ פֿויגל פּיקט אַן עפּל.
אַ מיידל מיט אַ צעפּל.

דאָרטן, אויף יענעם זייט טייכל, שטייט אַ מיל. אַ מאַמע גייט אַרויס פון מיל. מוידן מיט דער מאַמען גייען־מיט שטיל.

— מוידן מיט דער מאַמען צוזאַמען פון דער מיל, וואָס גייט איר טאָן ?

גאָרניט קענען זיי טאָן. די אויגן קוקן זיי אויס. וואַרטן אַלע אויף די ציגן, אויף די קעלבער, אויף די קי.

אַלע מוידן צוזאַמען מיט דער מאַמען, פון מיל, זיי קומען איצטער מעלקן מילך, אין דער קיל, פון די קי, פון די ציגן. שטייען זיי גרייט. אָט זעט : שוין געוואַשן אַלע קרוגן. — ציגן ! ציגן ! — וואו זיינען ליבע ציגן ! ?

נאַכט איז קלאָר. נאַכט איז שטיל. אַ ווינטל אין די האָר בלאָזט זיך קיל. דרייט זיך אַ מיל. זי דרייט זיך אָן אַ ציל. שוין בלייבט זי שטיל.

ווינטל, ווינטל, פון דער נאַכט,
זאָג, וואָס האָסטו געבראַכט ?

שמעקט מיט עפּל אין ווינטל. שמעקט מיט פויגל געזאַנג. דאָס האָט אַ פויגל ערגעץ אָנגעפּיקט אַן עפּל, און זינגט. שמעקט נאָך דער עפּל אין ווינט. הערן זיי זיך צו. —

שאַ. שטיל נאַכט ! וואָס זאָגט דיר דער עפּל ?



מאַמעלעך מיינע! דער עפּל דערציילט אַ מעשה!

עס טראָגט זיך דער געזאַנג. זאַנגען! זאַנגען!
— וואו איז דער עפּל פאַרגאַנגען!?

אַרום און אַרום דעם טייכל זוכן זיי אַרום. פעל־דער ליגן. דאָרטן שלאָפן שוין די זומער־זשומער־פליגן. אַ פריער די מאַמע, דערנאָך די מוידן, שפּרייטן זיי זיך אויס אויף אַלע וועגן.

אפשר הערט מען אַ מאָל ערגעץ אַ קול? מוידן, מוידן, מיט די צעפּ! — לעגט צו אַן אויער, לעגט צו קעפּ!

ציפ — די! ציפ — די! —

פליט איבער זיי אַ פויגל. זיי הערן אַלע איין, און הערן אַלע אויס: יע, דאָס איז ער, טאַקע, דער זעלביקער פויגל גרויס, דער זעלביקער ציפ — די! ער צעגיסט זיך, דער ווידער־קול, איבער זיי. עס שמעקט מיט טאַקע יענעם עפּל, אין די פרישע היי.

מאַמעס! זיי הערן זיך צו, און גלויבן ניט: ווי קען עס זיין אַזאַ שלעכטער עפּל!?

אָבער אַ מעשה זאָגט קיין ליגן ־ניט. די מעשה פון עפּל טראָגט זיך איבער זיי, ווי אַ צעפּל, אין אַ ציפ — די! ציפ — די!

קומט אַרויס די לבנה. אַ פריילעכע לאַכט זי אַרונטער אויף דער נאַכט. זי מאַכט שפּאַס מיט איר פריילעכקייט אין דער נאַכט. אַ גרויס פרייד יאָגט זי אין אַלעמען אַריין. אַזאַ קלאָרע ליכטיקייט!

די מוידן מיט די לאַנגע צעפּ, צוזאַמען מיט דער מאַמען, אַלע גיבן זיי אַזש ־אַ קוויטש, אין זייער פריידן. זיי קענען גאָרניט ריידן! —

זאָל די לבנה ריידן. זאָל דער פויגל ריידן. זאָל ווינטל ריידן!

שטילע גוטע זומער־נאַכט דערציילט, און ווייזט זיי —

דאָרט ערגעץ ווייט, דאָרט וואו די לבנה קען דערלאַנגען, דאָרט ביי די בערג און דאָרט ביי די זאַנגען, דאָרטן אין דער ליכטיקייט ליגן אין וואָר און אין ריכטיקייט, ליגן ציגן, קעלבער, קי, —



זייערע ציגן !
ציגן ! — ציגן !

איצט וואַרט׳ס אַ ווײַלע אויס.
די גאַנצע מעשה איז קליין.
קיינמאָל קען זי זיין אַזוי גרויס
ווי זי איז קעסטליך שיין !



צעפּל אַראָפּ, און צעפּל אַרויף
קומען מיר אַלע צום סוף!



די מאַמע ווייזט אויף דעם עפּל, און זי זאָגט צו דער גרויסער מויד מיטן צעפּל, די גרעסטע פון אַלע, וואָס האָט שוין געמאָגט זיין אַ כלה.

— דאַכט זיך אַזאַ פיין עפּעלע, און אַזאַ שלעכטס! האָסטו זיך געריכט אויף דעם אַזאַ גערעכטס ! ?

די מויד נעמט, און גיט אַ ביס. דער עפּל איז זיס. איר צעפּל וויגט זיך וואויל, און אָט לויפט ער, און אַריין אין מויל ! —

אַ פיין צעפּל. ניטאָ וואָס צו ריידן. טאַקע פון יענע צעפּלעך ! —

איר וועט דאָ באַלד הערן אַ מעשה, וואָ׳סאַרע צעפּעלע דאָס איז.



— אָ, ניין, מאַמעשי! דאָס האָט מען אויסגע־טראַכט. אָט דער קילער שטילערווינט. אָט די הוילע פוילע נאַכט. אָט דער ציפּל־צאַפּלדיקער פויגל. — ביי זיי איז דער עפּל אַ שלעכטער. ביי מיר איז ער שוין גאָרניט קיין שלעכטער! מע דאַרף אים פאַרזוכן, מאַמעלע.

גיט זיך די מויד נאָך אַ ביסל עפּל. און די שאָף: די ציגן, קי, קעלבער, זיי זיצן שטיל. ווייסן שוין גאָרניט. אַזאַ גוט עפּעלע. עס שמעקט זיך אַזוי זיס. און דער פאַסטוך ליגט דאָ אויסגעצויגן די פיס! עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק.

צעפּל הוידעט זיך. וויל עפּעס זאָגן. קען ער ניט דערלאַנגען דעם צונג. —

דער לאַנגער צאָפּ אויפן קאָפּ!

זאָגט די מאַמע:

— גרויסע מויד, די גרעסטע פון אַלע! — אַזוי ווי דו מאָגסט שוין באַלד זיין אַ כלה! — גיב מיר דעם פאַסטוך אַ טרייסל און עפן אים די אויגן, אפשר וועט ער דיר פּאַר אַ חתן טויגן!

דער פויגל אַנטקעגן טאַנצט זיך אונטער צום עפּל: — ציפּ — די! ציפּ — די! און די מויד מיטן לאַנגן צאָפּ הוידעט דעם פאַסטוך אַרויף און אַראָפּ.—

זיינע אויגן זיינען שטייף צוגעמאַכט. ער איז בייז: די מיידל ·וואָס האָט געלאַכט, זי האָט פון אים חוזק געמאַכט!

— ניין! — ניין! — שאָקלט זיך דער צאָפּ דעם פאַסטוך אויפן קאָפּ. — די מיידל וואָס לאַכט, האָט ניט חוזק געמאַכט! — וואָס אים פאַלט איין!

— נאָר וואָס זשע דען זשע?

אין נאָז קיצעלט אים דער צאָפּ, אַזוי אַרויף, און אַזוי אַראָפּ. און ער איז אַלץ בייז, און די אויגן געשלאָסן פעסט: אָט די זיסקייט פון עפּל, און די מויד ווי זי עסט!

— ציפּ — די! ציפּ — די! —

ציפּקעט דער פויגל ערגעץ דאָ ניט ווייט. —

אַ שלעכטער עפּל געווען. טאַקע דער עפּל דאָ.
אַזוי איז ער דאָך געווען, איידער מע האָט אים פאַר־
זוכט, פריער, ווען אַלע האָבן געזען!

— ניין! ניין! — שאָקלט זיך צאָפּ דעם פאַסטוך
אויפן קאָפּ. — עפּל ניט קיין שלעכטער! אַ גוטער,
אַ זיסער עפּל, און טאַקע אַ רעכטער!

— נאָר וואָס זשע דען זשע?

לבנה שטיל און נאַכט קיל צעלאַכן זיך ערשט
דעם גרויס און הויך געלעכטער. שיסן אים אַראָפּ
אין אויג אין קאָפּ:— עפּן זיך! עפּן זיך שוין, און
עפּן זיך אָפּ, וועסטו זען!

— אָ, ניין! ניט עפּענען. די נאַכט איז געווען
רויט. אַ רויט געלעכטער איז אַ שלעכטער!

— ציפּ — די! ציפּ — די! —

ציפּקעט פויגל אריין.

שרייען שוין די מוידן:

— אָט, ער האָט געעפנט זיין מויל! גיכער,
גיב אים אַ שטיקל עפּל אין מויל אריין!

איצט, אין דעם געלעכטער פון ליכטיק־נאַכט,
הערט דער פאַסטוך, אַז דער צאָפּ לאַכט אויך מיט:

— כאַ־כאַ! וואָס, אַ רויטע נאַכט זאָגסטו? און
אַז אַ רויטע, איז וואָס?! דאָס ערשטע מאָל ביי דיר
אַ רויטע נאַכט? דו נעם בעסער און באַטראַכט:

רויט איז דאָך קאָליר. רויט איז דאָך שיינקייט, פאַר דיר. איז דאָך שיינקייט אויך פאַר מיר. רויט איז דאָך ליבשאַפט, דו זאָלסט ליב האָבן. רויט האָט ליב! —

און אַ ווייך ווינטל גלעט זיך די באַקן. עפנט זיך אַ מויל, פאַר פרישע לופט. און ער פילט אַ זיס־קייט, פון אַ שטיקל עפּל.

ציפּ — די! ציפּ — די!

אָ, ער ווייסט. דאָס זאָגט אים דער פויגל, פון עפּל, פון צעפּל, פון קעפּל, און פון וואָס נאָך עפּעס—

עפנט ער שוין אויף די אויגן. זעט ער טאַקע, אַלע מוידן ווילן אים דאָ אַרומ כאַפּן קושן, פאַר פרייד, נאָר ער לאָזט זיי ניט.

— נאָך אַ שטיקל עפּל. אַזאַ פיין עפּעלע.

זאָגט אים די מויד פון צעפּעלע, די גרעסטע פון אַלע.

— ניין, און ניין! — זיס איז צעפּעלע דיין! און דו, גרויסע מויד, מיינע! דו ביזט מיין שיינע, און דו ביזט מיין זיסע, מיין כלה!

— מע! — מעעק! —

מעקען שוין די קי, די קעלבער, די ציגן. — מע קען שוין גיין!

מע קען שוין. זיכער קען מען שוין. יע.

ציפּ — די! ציפּ — די! —



טאַנצן שוין דאָרטן ערגעץ פויגל־פּיסלעך אין פּאָרויס, אויף די וועגן אַרויס. אַלע וועגן הערן די מעשה פון עפּל, פון צעפּל, דאָס איז דער גרעסטער צאָפּ פון אַלע: ווי אַזוי די מויד, וואָס האָט פאַר־זוכט דעם עפּל, איז געוואָרן אַ כלה! —

און די ציגן, זיי ליגן אין די וויגן.
און די קי, זיי וויגן זיי איין.
די קעלבער פֿאַריאָגן די פֿליגן
מיט בייטשן פֿון פֿלאַקס און פֿון ליין.



